# מיר זײַנען קלײנינקע געוואָרן גרויס

1

אין ווײַטן וואלד א ווײַטע זון גייט אויס,
א ווײַטער שטערן ווערט אין נאכט געבאָרן...
מיר זײַנען קליינינקע געוואָרן גרויס,
און ווייסט דער רוך, ווו זיינען זיי, די יאָרן!..

מײַן ברודער איז אוועק — לעבט ער שוין ניט מער.
א בלאָווער בראונינג. א קעסעלע א מעשנס.
און איצטער ליגט זײַן קאלטער רעוואָלווער —
דער טויט אליין, א שווערער, אין מײַן קעשענע.

א יאָר, א יאָר — אוועק און ניט געבליבן,
געדענקען ניט דעם וועג און קומען ניט צו מיר...
מיך האָט אופגעוועקט א קליינינקן פון וויגל
אן אופגעפלאצטע באָמבע בא מײַן טיר.

און איצט איז שטיל, און רויִק שלאָפן קינדער,
אזא שטילער אָוונט וויגט זיך איבער זיי,
און טאטעס בויגן קעפ — פארשאָטענע מיט ווינטער,
געזונטע קעפ פארווייעטע מיט שניי...

און כ׳גיי אן עלטערער פאר אײַך אצינד ארויס,
מיר זײַנען קיינער ניט ווי קינדערלעך געבאָרן —
מיר זיינען קליינינקע געוואָרן גרויס,
און ווייסט דער רוך, ווו זיינען זיי די יאָרן!..

1928

2

צוואנציקיאָריקע — וואָס קענען מיר געדענקען?
יאָרן מײַנע — שווימענדיקער רויך!..
פון זיי, פון אלעמען איז נאָר געבליבן הענגען,
א קרוין, אן אָדלער איבער קרעמעלס הויך...

אין פריִען הימל האָט א נאכט געבלויט,
נאָר ניט א מאלעכל איז איבער אונדז געפלויגן, —
שווער געפּאטשט מיט פליגל האָט דער טויט,
אין העלע לעמפּעלעך פון מײַנע אויגן.

ס'האָט א וועלט — געליטן און געווארט,
און מיר, ווי קעסטקינדער, געקומענע צום גרייטן...
כ'דערמאָן זיך נאָר א טפיסע בא א שליאך,
נאָר איך האָב קיינמאָל ניט געטראָגן נאָך קיין קייטן...

און ס'שרײַט מײַן קאָפּ צו אלטע קעפּ, צו ווײַסע,
און ס'שרייט מײַן קאָפּ מײַן יונגינקער צו דיר:
סע שטארבט, ס'גייט אויס דער פּאָדעם פון דער מײַסע,
פון אלץ, פון אלץ וואָס איז געווען ביז מיר.

און מײַנע טעג, ווי גרויסע שווארצע פערד,
וואָס האָבן לאנג פארלאָרן שוין די רײַטער, —
מיר בויגן אָן די קעפּ די דאָרשטיקע צו דר'ערד,
און גייען ווײַטער...

1928

3

זעט אונדז, די שטילינקע ייִנגלעך,
שטילער פון שטילסטן פרימאָרגן;
כ'האָב קיינמאָל מיט שאַרפקייט פון קלינגל
ניט געזוכט אין דער פינצטער אַ גאָרגל.

ניט באַהאַלטן זיך אונטער אַ פּלויט,
ניט געציטערט די ציין פון שרעק, —
כ'האָב קיינמאָל קיינעם געטויט,
אויף מײַן קורצן וועג...

נאָר איצט — אין די ווענט מײַנע ענגע,
איך בענק נאָך אַ רוישיקן זאַלף,
ווי הירשן פאַרפרוירענע בענקען,
נאָך פרילינג אין שנייִיקן וואַלד.

און ניט ווינטן פון האַרבסטיקע פעלדער,
רעווען באַנאַכט לעם מײַן טיר, —
גרויסע, ניט געבוירענע העלדן,
אין פינצטערניש שרײַען פון מיר.

נאָר קיינער אין פינצטערניש הערט ניט,
זייער ווייטן און טויבן געשריי, —
עס וועט זיך נאָך רוישיק א ברעך טאָן
א קרעכץ טאָן די ערד אונטער זיי.

און ס׳וועלן א שאָט טאָן זיך שויבן,
אין שווארצן געפּאָך פון די קלינגלעך...
ווער וועט עס, ווער וועט עס גלויבן,
אף אונדז, אָט די שטילינקע יינגלעך?..

1929

## 4

גייען שטערן אויף, ווי זילבערנע קארעלן,
און ווינטן בלויע צערטלען מײַנע האָר...
אַף ווײַטע סטעפּעס ליגן טויטע העלדן, —
כ'האָב באגעגנט זיי מיט יונגע עלעף יאָר.

זיי וועלן מער זיך שוין ניט קערן אַף צוריק,
צוריק צו אונדז די רויטע רײַטערײַער, —
כ'וואָלט שוין דאן געווען א באָלשעוויק,
ווען איך וואָלט נאָר געבוירן ווערן פריִער!

פארוואָס-זשע האָבן טעג באגעגנט מיך א קינד?
יאָרן מײַנע — פריילינגדיקער ווינט!..

1926

5

אָט האָבּן זיך בּליצן פארשלעגנגלט אין שנורן,
דעם הימל אף צווייען צעריסן, —
בּראונינג מיינער — אין געלער קאבּורע,
וויפל נאָך ווסטו צעשיסן?..

אָט דראָט מיר דער טויט פונעם שטאָלענעם רערל,
א צי נאָר דאָס צינגל און ווי מײַן געביין,
ס׳וואָלטן ווי שטענדיק פונויבּן די שטערן,
פארזעען ווי ס׳ליגט דאָ א טויטער אליין...

...נאָר אויבּ אין דער ערד שוין צו ליגן און פוילן,
וויל איך — אז זײַן זאָל פארוואָס, —
אין ליטע, אין דײַטשלאנד צי ערגעץ אין פוילן,
אויסלאָדן זאָל איך מײַן גרויסן פארדראָס,

און אויסטרינקען רויק די שטאָלענע קאלטקײַט,
דעם הויכן, דעם ליכטיקן קלונג!..

— — — — — — — — — —

אויבּן דער הימל — אן אייבּיקע אלטקײַט,
און אונטן די ערד — אין דער אוראלטקײַט יונג...

1926

## 6

(בא מעטשניקאָווס דענקמאָל).

די האַנט וואָס הויבט אָן איצטער רוק די ליד,
די האַנט —
קען אי כאָוועען, אי שיסן,
קען צושטעלן רוק א מענטש צו דער וואַנט
און האַרציק א מענטשן באַגריסן.

ליבשאַפט מע האָט אונדז געלערנט פון קליינוויַיז,
בא פּראָסטיקער גלויקייט פון ליכטיקע מעסערס...
און איצטער באַם דענקמאָל באַם קאַלטן און שטרענגן
לויב איך דעם אַלטן און דעם גרויען פּראָפעסאָר,

וואָס האָט בא זיַין לעבן — אין צימערן ענגע
מיט גרויע פּראָביריקעס זיַין לעבן באַנוגנט —
אַז איצטער נאָך מענטשן אַזעלכע זאָל בענקען,
כיַין שטרענגע, מיַין גרויסע, מיַין ערנסטע יוגנט,

אַז שטיין זאָל כיַין יוגנט מיַין גרויסע און גריסן,
מיט פרייד און מיט לויב זאָל זיך הויבן מיַין האַנט, —
וואָס קען איצטער כאָוועען, אי וואַרגן, אי שיסן,
אי צושטעלן רוק א מענטש צו דער וואַנט...

1928

## סטודענטישע מאָטיוון

1

אין שטומע נעכט — פּאַרפרעס איך שטײַף די ציין,
און זינג אין זיך מיט צוגעמאַכטע אויגן,
אין שטומע נעכט איך גיי אַראָפּ אַליין,
און טוליע צו דעם קאָפּ צו פרירנדיקע שויבן.

כ'באַטראַכט דעם דיל, די אָפּגעקלאַפּטע ווענט,
דעם צימער, ווו כאַווײַרים מײַנע שלאָפן, —
אָט שלאָפט וואַסיל—צוקאָפּן מיט די הענט,
און דער זיריאַן, דער אײַנוווינער פון צאָפן,

פון דער געגנט קאָמי — ווו די הויכע שטערן
ווײַזן אָן די וועגן צו דעם ווײַסן יאַם, —
ווו צו ברעגן שטרענגע אַף די ווײַסע בערן,
גייט אין יאַגד אין שווערן שטענדיק דער זיריאַן...

און די ערד — א וויסטע, און די זון — א רונדע,
און די זון א שווערע דרייט אין יאם זיך אום;
און זײַן גוואר, דער טאטע אין דער טויבער טונדרע,
אונטער היכן צעדער זינגט א ליד דער זון...

נאָר דער צימער זינגט ניט, נאָר מע ליגט צעצויגן—
יעדערער פארנורעט רויק אין זײַן בעט;
דער קאַלמיק דער יונגער מיט די שמאָלע אויגן,
מיט די ברייטע קינען אין דער פינצטער רעדט, —

רעדט פון אסטראכאנער אָנגעהיצטע סטעפּעס,
ווי קאַלמיקן האָבן יורטעס און קומיס, —
ווי די קעמלען כראָמטשען אויסגעדארטע שטשעפּעס,
מאלעגיירען רויק אף די הויכע פיס...

און קאַלמיקן אלטע האָבן שטרענגע ברעמען,
ווי די ליד די שטרענגע וועגן טשינגיס-כאן,
און די גרינע כוואליעס, ווי האַרבאטע קעמלען,
טראָגן מיט דער וואָלגע פיש קיין אסטראכאן.

אוי, דו טײַך, דו וואָלגע — וויפל דינע ווענטקעס
פלעג אין דיר פארווארפן ס'פאסטעכל וואסיל?
כאָלעמט זיך דעם באָכער איוואנאָ-וואָזנעסענסק גאָר,
און די נײַע פאבריקע, וואָס ארבעט אויס טעקסטיל...

און טויזנט וויאָרסט פון מאָסקווע, צענטויזנט פון קאָמי,
ווײַט פון הויכע בערג און ווײַט פון בלויע יאמען,
בא א שליאך א ווײַסן לעם דער שטאָט זשיטאָמיר,
איז פאראן א יישעוו, איז פאראן א מאמע...

ליגן די כאווײרים, ליגן אויסגעצויגן,
און די טישן ליידיק און דער דיל איז הויל.
עפּנט דער קאַלמיק אויף זײַנע שמאָלע אויגן,
שטייט אויף דער זיריאַן און עפּנט אויף דאָס מויל;

ווערט די ליד פון פעלקער אַזוי רוישיק עפּעס,
אַז איך זינג פאַר אַלע — פאַר די אַלטע קאַמער,
פאַר די אַסטראַכאַנער און קובאַנער סטעפּעס,
און פאַר גרינע דערפער אַרום שטאָט זשיטאָמיר,

פאַר די ניסנבוימער, פאַר דעם הויכן צעדער,
פאַר די וואָזנעסענסקער און דובראָוונער וועבער...

— — — — — — — — — — — — — —

2

מיר האָבן געקוילעט א הערינג,
פארטרינקען מיר איצטער מיט טיי.
אונטער די פענצטער הערן מיר,
פאלט אין מאָסקווע א שניי.

פאלט אף די הויכע דעכער,
פאלט אזוי איילנדיק גיך...
מיין כאוועך פארשטשאָבעט די לעכער
פון זיינע צעפיצלטע שיך.

פון אונטער דער וואטענער קאָלדרע
באטראכט די פארויכערטע סטעליע, —
און טראכט וועגן גרינע יאָדלעס,
וואָס גרינען אף שנייען העלע.

אוי, איר סאָסנעס גרינע,
פאָלעסיער און אָוורוטשער אומעט, —
די טויבע וועלדער פון אוקראינע,
וואָס וואקסן מיט מאָך ארומעט,

דער שטיינקויל פון אונטער דער ערד,
די ציגל פון אונדזערע ווענט,
דער קופּער פון הויכע בערג,
דאַרפן איצט אונדזערע הענט.

וואָס דאַרפן דען וועלדער מער,
די ערד, וואָס טראָגט איצטער מיך?
סע וואַקסט א אינזשענער,
אָן פּענסנע און אָן א פּליך.

נאָר מיט ריפּן — אָבודעס,
און מיט שיך — אין לעכער, —
מיר שטעקן די קעפּ פון די פּאָרמולעס
ווי קוימענער פון הויכע דעכער,

און רײַסן די שטרוי פון די הײַזער,
ברעכן דאָס לעבן ניט ראש...
אין וואָלטאָמעטער ציטערט דאָס ווײַזערל,
ציטערט אין הויכן וואָלטאַזש,

און די ליכט אזוי העל, אזוי קלאָר...
כ'האָב ליב אים, מײַן ערנסטן דאָר,

וואָס קען איצטער אָנגעשטרענגט הערן
דאָס פּאַלן פון ציכטיקן שניי,
ארום ביינדעלעך פון א געקוילעטן הערינג,
זיצן און טרינקען טיי.

1930

3

אף די שטריק טריקנט זיך גרעט,
די פּאָרטקע אין הויף איז אָפן.
נאכט. פינצטער. שפּעט —
איך קען ניט שלאָפן.

אנטקעגן — אין גרויסן הויז,
איר איינציקער פענצטער איז העל.
לאנג, פינצטער און גרויס,
פירט א קאָרידאָר צו איר שוועל.

דאָרטן — אין צימער בא איר:
א פּרימוס, אף אָוונט-ברויט מאכן,
א שפּיגל אף דיקטענער טיר,
און אנדערע זאכן.

זי — אין א ציצענעם קלייד, —
רויטע און גרינע בלעטער, —
ליגט א צונויפגעדרייטע
אין אָנגעטאָנענע אף איר בעטל.

זי רײַסט די פארשלאָפענע אויגן
און גרייט דעם „זאטשאָט“.
אירע פארהאנגענע שויבן,
באטראכטן די שפעטע שטאָט, —

די גאנצע שטאָט איז בלוי,
די גאנצע שטאָט איז שטום...
א בענקשאפט אזא נאָך א פרוי
כאפט מיך פלוצים ארום.

איך גיב זיך א הויב פון בעט, —
וווהין זיך אהינטאָן — הא?
נאכט. פינצטער. שפעט.
שטערט ניט... שא.

זי שטײַפט צונויף די ברעמען,
זי לאָזט זיך צום שטול אראָפ;
צו א ניט געלייזטער טעאָרעמע
גיט זיך א בויג איר קאָפ.

די נערוון — די סאמע קלענסטע,
גרייטן זיך צו אין שלאכט...
שווימט איר העלער פענצטער,
שווימט אין מאָסקווער נאכט.

1930

4

אין גרויסע שלאָפּצימערס פון צווייטן שטאָק, —
מע ליגט אף דר׳ערד און אף די הוילע טישן ;
ס׳האָט עמעצער געוויינט א דולער פונעם שלאָף,
און שלאָפלאָז כ׳האָב דעם קאָפּ פארנורעט אין דער קישן.

דורך אויסגעזעצטער שויב געבראכט האָט מיר דער ווינט,
א גרוס פון שפּעטן הארבסט,—א פוילנדיקן בלעטל, —
א פריִער פראָסט האָט ווייַסן האפט געשפּינט
אף שווארצן שטאָל פון מייַן פארזשאווערט בעטל...

און כ׳בין אראָפּ — געלייגט זיך און געזעסן,
ווי ס׳וואָלטן מורעשקעס געקראָכן דורך מייַן הויט.
ס׳האָט עמעצער געקייַט — ס׳האָט עמעצער געגעסן,
זיצנדיק אין בעט א שטיקל וורשט מיט ברויט ;

און איך בין צו — געזעצט זיך אף זייַן בעט,
מיט אים ביז טאָג אין פינצטערניש גערעדט...

1927

## בּאַם זעלבן בוים

1

פּלאצט די קאָרע שוין אַף לײַבער פון די טאנען
און סע טריפט מיט האָניק איגעם גרינעם טאָל:
מיין ברודערל איז דאָ א קלייניקער געשטאנען,
געגאנגען דאָ אמאָל.

דערזעלבער בוים — דערזעלביקער פרימאָרגן,
און כ׳וווּנדער זיך, וואָס איך בין איצט ניט טויט...
באַם זעלבן בוים, ווו מ׳האָט אים דאן דערמאָרדעט,
איך זיך און קײַ מיין שווארצע לוסטע ברויט.

און פּונקט ווי ער — די גרינע רו צעבויטען,
א פאַרטשעפּעטער אין גריווע פונעם פערד, —
בין אך גרייט צו טראָגן זיך א טויטער
אַף אלע וועגן פון דער ערד...

1923

2

מיר איז געגוג — אף הוילן לייב דאָס גרעט,
א בערעזענקע א יונגע אין דער האנט, —
פון עק צו עק — מיט דערפער און מיט שטעט
רוט דאָס גרויסע לאנד;

מיט וועלדער טונקעלע, מיט בלויע הימלען אויבן,
מיט וויסטעס זאמדיקע מיט אלטער שײַן פון אייז...
סע ברענען לעמפּעלעך אין אײַנגעשטויבטע שויבן,
פארגייען איינציקווייז...

ווי אן עפּל צײַטיק, —
איבער הויכן פּלויט
הענגט רײַף די זון...

הויכעביימער,
בויגן זיך ארום, —
מיט רײַפער פרוכט,
מיט ליכטיקן געשאנק...

---

סע טוט מיר זייער באנג,
וואָס טויזנטער ווי ער
דאָס זעען שוין ניט מער...

1929

## 3

ס'וועט דאָך פֿון דײַנינקן בלויִנקן רויך
ניט ווערן קיין וואָלקן אין לויטערער הויך...

עס וועלן פֿון טראָפּן ניט ווערן דאָ ווידער,
די אָזערעס גרעסער און גרעסער די וועלן...
אפֿן וואנט הענגט דאָס בילד פֿון דערהארגעטן ברודער,
אין צווײַגלעך פֿון יעלן.

ס'איז איינמאָל די מאמע אריַין אף א רעגע,
געבליבן א ווײַלע באם בילד זײַנעם שטיין, —
און איך האָב געזעען — צו זאמדיקע וועגן
האָט זי פּארטראָגן איר גרויסן געוויין.

נאָר ס'וועט דאָך פֿון דײַנינקן בלויִנקן רויך
ניט ווערן קיין וואָלקן אין לויטערער הויך...

1929

# לידער וועגן זייער נאָענטע

1

אזא מין שליאך — לעוואָנע און שאָסיי,  
קענסט שרײַען הײַנט, ס'וועט קיינער דיר ניטזאָגן...  
שטיבלעך הילצערנע זיך וואלגערן אין שניי, —  
א פינפטע ראָד צום וואָגן.

ס'וועט עפעס זײַן, ס'מוז עפעס אָט דאָ ווערן,  
אזא מין וועג — און קיינער ניט פון אָרט...  
טאָ זאָל א האק כאָטש אויסרײַסן א שטערן,  
ס'איז אומעטיק — נו, גלויב מיר אפן וואָרט!

איך האָב אסאך, כ'האָב עפעס ניט דערוויגן,  
צו וואָס? צו ווען? איך ווייס נאָך ניט אליין.  
אין אָט דעם הויז, געדענקען מײַנע אויגן,  
האָט מען מיך געלערנט גיין.

און איצט איז שטיל, ס'קומט קיינער ניט אצינדער,  
איך גיי ארום אין פוסטקײַט פון די ווענט, —  
נעגל שארפע קריכן פון די פינגער,  
און בלויע קראפט איצט אָדערט מײַנע הענט.

1928

2

מײַן טאָג, א הרודע שניי, וואָס וויל נאָך ניט צעגיין,
אזא מין נאָענטקײַט, וואָס קאָן נאָך ניט פארזינקען...
ווילט זיך מיר ארויסגיין אפן שניי,
א צי טאָן שטאָל פון אָנגעצויגן צינגל,

און זאָל א שנײַד, א ריס טאָן זיך מײַן קויל,
ס'איז שא... ס'איז שטיל... ס'איז שיסן הײַנט פארווערט!..
א ווילדער פײַף — פינגער פיר אין מויל,
און ס'ענטפערט מיר אן עכאָ פון דער ערד.

און כ'רײַס אים אויף דעם ווײַטן קנויל פון טרויער,
און זאָל אוועק, און זאָל ער איצט פארגיין...
און ס'שווײַגט די ערד אין גרויזאמקײַט אין גרויער,
און טרינקט דעם קאלטן שניי, וואָס וויל נאָך ניט צעגיין.

האָט אָנגעצונדן פײַער ציטעריק א שויב,
און קאלט באשײַנט א קלײנינק קינדערש וויגל...
ס'איז גאָרניט ניט... געווען אמאָל א טויב,
און איצטער דארפן שטארקער זײַן די פליגל.

1928

3

כ׳האָב ליבשאפט אזויפיל — נאָר איך וועל הײַנט קײנעם ניט ליבן,
ס׳גייט אוף הײַנט אין ווייען מײַן שטומע פארטרויערטע פרייד...
וואָס זאָגן דער מאמען — וואָס האָט פאר גיר ליבשאפט
געקליבן,
דעם טאטן — וואָס היט דאָרט אין שטעטל די שוועל פון דער
ליידיקער קלייט ?

זיצט זי די מאמע אן אלטע — א טויב מיט פארשוירענע פליגל,
דעם קאָפּ דעם פארגרויטן פארנורעט אין ציטער פון הענט.
און ס׳זשאווערן פרענטעס — גערעָסטעטע אײַזערנע ריגלען,
אף זייערע טונקעלע כורוועס — אף טירן פון זייערע ווענט...

1927

4

אזוי שווער גייט אוף הײַנט א באגינען,
אזויפיל יאָנטעוו און אזויפיל וואָך, —
דאָרעמזײַט פוןביימער האלטן שוין אין גרינען,
צאָפנזײַט פון בוימער רוען נאָך אין מאָך...

ניט קיין ווינטן רוישן — ס׳קלײַבן זאפט די שטאמען,
ניט קיין שנייען פאלן — ווײַסער רויש פון צוויט, —
פּאמעלעכן פארוואקסן מײַנע שראמען,
פּאמעלעכן פארוואקסן מײַנע טריט.

1928

5

ווי א בּער אױף א שווערער און אײַזערנער קייט,  
וואָס סמאָקעט בּאם נאָרע זײַן לאַפּע, —  
מיט געפּענטעטע פּיס א געבּונדענער גייט  
פּארלאָזן דער טאטע.

און יאָר נאָך א יאָר — אין דער נאכט פון געבּורט,  
כ׳הער מײַן ערשטן געוויין נאָך אצינדער...  
ס׳האָט דער טאטע געגעסן אומצײַטיקע פּרוכט  
זײַנען אײַליק די ציין בּא די קינדער.

1929

6

כ׳האָב קינדווײַז א צווײַגל גענומען פון בארן-בוים,
באהעפט עס צו אנדערע צווײַגן פון יונגע ראנעטן.
א יאָר און א יאָר — און עס גלויבט זיך מיר קוים,
אפן זעלביקן בוים וואקסן אי בארן, אי עפּל.

ס׳האָט מיך עמעצער קינדווײַז גענומען פון אייגענעם שטאם,
האָט צווישן אנדערע מענטשן געשמייכלט מײַן קינדעריש קעפּל...
און קוק איך פאָרויס — איז א וועלט, און א ברייט, און א יאם,
און אן איינציקער בוים, ווו ס׳וואקסן אי בארן, אי עפּל.

928

# קליאָנען

ד. בערגעלסאָנען

עס ציטערן נאָך אַלץ אין אומרו דאָ די קליאָנען,
בײַ קוואָרים בערגיקע מיט צווייגלדיקע צײַן.
אין גרויי פון נאַכט, בײַם אויסגיין פון לעוואָנע,
מײַן יונגער קאָפּ ווערט שווערער פון אַ שטיין.

איך גיי פון דאָרט — איך גיי פון אַלטן באַרג,
ווּ קרעמיעך הילצערנע הויבן זיך אַלץ העכער,
ווּ ס'שווידערט קאַלט אין פינצטערניש דער מאַרק,
מיט טעמפּן, הילכיקן און הילצערנעם געלעכטער.

און אָטאָ דאָ — מיר האַלטן זיך אין ראַנגלען,
און ס'פּאָכעט קאַלט מיט אומרו און מיט צאַר...
...מ'האָט זיי דרײַ אַף שטאַמען דאָ געהאַנגען,
ציטערן נאָך אַלץ די קליאָנען אינעם יאָר.

איך האָב אין האָלץ געפונען נאָך די קאַרבן,
און שטריקלעך ראָסטיקע פון אומרויִקע טעג...
יאָרן גאָלדענע, פאַרשניטענע אין גאַרבן,
ליגן שטומע איצט בײַם אויסגעדרייטן וועג, —

מיט קלייטן אפן באַרג, מיט קוואָרים אין די טאָלן,
און אַלע טאָלן קריכן צו דעם באַרג...
מײַן גאַנצער וועזן איצט אַף אומרו פון די שאָלן,
פון קוואָרים בערגיקע און קרעמלעך פונעם מאַרק.

און ס'ציטערן נאָך אַלץ אין אומרו דאָ די קליאָנעץ
און שנורעווען אין ווייטעק מײַנע ציין.
אין גרוי פון נאַכט באַם אויסגיין פון לעוואָנע,
מײַן יונגער קאָפּ ווערט שווערער פון אַ שטיין.

1927

## אין וואגאָן

פון יענער זייט שויבן — שוידערט א ווייסער געוויטער,
מיט שווערקייט, מיט קאַלטער עס ציט מיך צו דר׳ערד אָט אצינד,
די ערד איז א ווייסע, די ערד איז אן אייזיק צעגליטע,
און איבער די פעלדער שוידערט אין שנייען א ווינט.

פארפרוירענע רעלסן אף אייבזאם פארלאָרענע וויאָרסטן,
מיין שטערן, מיין הייכער געטוליעט צו פינצטערער ראם.
פייערלעך זינקען אין שנייִקן אָפגרונט פון צאָפן,
פארגייען דאָרט, רויטע, אין ווייסן געוויטער פון לאנד,

געוויטער אף ערד — א רו דאָרט א בלויע פון אויבן,
מיין מוטיקער עלנט שטיקט זיך אין טונקעלע ווייען.
אין נאכטישן כוישעך פון יענער זייט פינצטערע שויבן,
פארלירן זיך וויאָרסטן אין אָנוועגן ווייסע פון שנייען.

פון יענער זייט שויבן — שוידערט א ווייסער געוויטער,
נאכט האָט פארווישט שוין פון אויגן פון מיינע דעם ברעג...
אין וויכער אין ווייסן איז איצטער געוואָרן מיר גרינגער,
אין שנייִקן אָנוועג איצט דארף איך ניט זוכן קיין וועג.

1926

# פֿונדערווײַטן

1

אזוי ווונדער ווײַט און אזוי וווּנדער פֿרעמד
דערבּרענען אין די הענגלײַכטער די ליכט, —
און אויף מײַן קאָפּ — דער טויט פֿון דײַנע הענט,
וואָס האָבן מיך געפֿירט...

מײַן מאמע האָט מיט גאָלד אויסגענייט איר טרוים
און פֿרילינג מיך א פּיצעלע געבאָרן...
(איר האָט איינמאָל כאָטש פֿארזעצט א בוים,
אז אופֿגיין זאָל א דאָרן ?...)

דער טאטע האָט אין שול פֿארבראָכן הויך די הענט,
און, ווי די נאכט, פֿון אָרט זיך ניט גערירט, —
און ווייך האָט זיך געוויגט דער שאָטן אויף די ווענט,
פֿון צאנקענדיקע ליכט.

בין איך אויין, מיט טאָג און מיט געזאנג,
געשאָטן אש אויף שניי פֿון זײַנע האָר...
איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען דעם פֿארגאנג,
אזוי קלאָר...

1929

## 2

גרינע פארוואקסענע שטעגן!
בלויע פארטויעטע שויב! —
אף ווייַטע באַגיניקטע וועגן,
הויבט זיך א שטויב.

הויבט זיך אף וועגן, אף הוילע,
אונטער די פיס פון די פערד...
א שפעטער פארטאָגיקער מוילעד,
פארגייט פון פארטאָגיקער ערד.

פארגייט אזא ווייַטער און דינער,
אין גרינער פארטאָגיקער פרישקייַט,
ווי איבער די אָזערעס סינע,
פארגייט אונדזער נאַרישע ליבשאפט...

ס'וועט עפשער א מאמע באם שוועל נאָך,
בלייַבן אין ווארטעניש שטיין...
דורך געלן און צייַטיקן פעלד,
פאָר איך אוועק פון דער היים.

די קליאָנען פון טעטערעווס ברעגן,
בויגן די קרוינען מיט ליב...
אף ווייַטע באַגיניקטע וועגן,
הויבט זיך א גאָלדענער שטויב...

---

1929

3

אויב איר וועט מיך פרעגן — פונוואנען אזא א מעט.
נעמט מיך ווי א שלאנג א גאָלדענער ארומעט,
גייט אוועק אהינצו, גייט אוועק אהין,
אין באנאכטן שפּעטע ערגעץ אף וואָלין,

אין פארטאָגן בלויע, אין פארנאכטן פרישע,
גייט אוועק אהינצו צו מײַן אלטן יִשעוו,
דאָרטן לעם א שטוב און דאָרטן לעם א טויער
גייען אוף די וואָרצלען גרינע פון מײַן טרויער...

טרויער מײַנער, טרויער — גאָלד־צעשאָט פון שטערן,
רינגל אין א רינגל — לענגערט מען די קייט !..
איבער שטילע פעלדער קיינער וועט ניט הערן,
ווי דער טאָג פארגייט...

און די וועגן ברייטע, און די אויגן אָפן,
און א ווינט פון דאָרעם טרײַבט דעם טײַך אף צאָפן.

1929

## P. S.

איך גיי אליין צום ברייטן וועג ארויס,
אי ווייטקייט, אי זומפּן, אי גריבער, —
איינציקע מייד איך איצט אויס,
און אנדערע שפּרינג איך אריבער...

צוגווינטן ווישיקע ווייפל, —
אזויפיל נאָך אומרו פאראן;
ווי זאָל זיך ניט וויגן מיין שיפל,
ווען ס'כוואליעט אזוי זיך דער יאם?...

1929

# א ליד ווערט געבאָרן

א בוים אין א זומערדיק פעלד,
בויגט זיך אין שווערן געבורט, —
אַז פּאַרטאָג — ווען סע בלויט און סע העלט,
זאָל זיך פרייען אף צווייַגן די פרוכט...

אַז אף לאָנקעס וועט אָנהייבן קלאָרן,
וועט זיך פרייען אין זומפּ דער איר, —
בא מיר — אַז א ליד ווערט געבאָרן,
ווער וועט זיך פרייען מיט איר?!

אין טייַך טראָגט א כוואַליע די זוימען,
פאַר ווייכע, פאַר פרוכטבאַרע ברעגן, —
לידער — איר ליכטיקע טרוימען,
וואָס האָט איר דער ערד דען געגעבן?

אַז כ׳ליב אייַך מיט נעגל און ציין,
מיט פרוכטבאַרן אָטעם פון צוויט, —
אויב ניט — זאָל פאַרגיין, אוי פאַרגיין,
דאָס געזאַנג פון מייַן אייגענער ליד!...

1929

* * *

...ווען די אלטיטשקע מאמע אנדריושען וויגט איין,
און פאר די איקאָנעס סע וויגט זיך די שיין,

פלעג איך אָפּט הערן — ווי לאנגזאם, און מיד
זי זינגט אין דער פינצטער באם וויגל א ליד:

שלאָף מיין קינד, שלאָף אין רו—
באיושקי - באיו.

ס׳קען אין בלויער הויך א שטערן,
דיין געוויין נאָך איצט דערהערן,

אין דער שטילקייט, אין דער רו,
מאך די אויגעלעך שוין צו.

די וואָס ווילן נעכט ניט שלאָפן,
האלטן אויגעלעך נאָך אָפן,

קומט א שווארצער זשיד צו גיין
מיט א מעסער אין די ציין,

מיט א מעסער, מיט א רוט,
צאפּט פון קינדערלעך דאָס בלוט,

און אין שטילער נאכט אליין
טראָגט אין טאָרבע דײַן געוויין...

— שלאָף-זשע קינד מײַנס, שלאָף אין רו
באַיושקי - באַיו...

— — — — — — — — —

אין די ווײַסע וויגעלעך —
שלאָפן אײַן די קינדער.

אין די קליינע נעסטעלעך —
די פויגעלעך פונויבן...

מײַן מאמע נאָר — מיט דורכזיכטיקע פינגער,
ווישט דעם טוי פון אָוונטיקע שויבן: —

און אזא בלויע ווײַט,
און אזא בלויער ווינט...

מײַן ברודער ליגט און שרײַט —
מא — מע,
מא — מע, זינג!

ווער שטערט אין נאכט די רו?
ווער שיט אין נאכט מיט צוויט?..

מײַן מאמע בויגט זיך צו,
מײַן מאמע זינגט א ליד:

שלאָף מײַן קינד, שלאָף אין רו
איילי-ליולינקע, ליו-ליו...

ווערסטו ניט אנטשלאָפן באלד—
קומען וועט א גוי פון וואלד,

קומען וועט ער מיט א זאק,
מיט אן אָנגעשארפטער האק,

אוי א גאזלען — גאָנטע-כאם...

---

...טײַכן שווימען צו א יאם,

אלע טײַכן שווימען אָפּ.
שלאָף מײַן קינד, מײַן אייג אין קאָפּ

שלאָף מײַן קינד, שלאָף אין רו,
איילי-ליי-ליולינקע, ליו-לי...

---

1

שטיל איז אין צימער, און שטיל איז ארום.
פון אונטער די פענצטער גייט אוף שוין די זון.

כאפט אוף זיך די מאמע — „אוי זע נאָר מײַן קינד,
פון יענער זײַט פענצטער א וואלד האָט געגרינט.

נו, אכט, עפשער צען, און געוויס, אז ניט מיין,
זײַנען יונגינקע ליפּעס געווען אזוי קליין,

נו, דוכט זיך, אז גאָרניט, אז גאָר דאָ ניט לאנג,
זײַנען ליפּעס געוועזן די הויך פון א זאנג,

אזוי זומערדיק יונג, אזוי וואונדערלעך פריש"...
אנדריי און מײַן ברודער שוין העכער פון טיש,

און די שטרויענע וויגעלעך רוען שוין לאנג,
אין די שטרויענע וויגלעך מײַן מאמעס געזאנג,

און שטיל איז אין צימער, און שטיל איז ארום,
פון אונטער די פענצטער גייט אוף שוין די זון.

2

מײַן ברודער איז לאנג שוין זוועק אין ארמײ,  
מײַן ברודער — האָט האָר קוטשעראווע.  
זײַן ייִנגערער כאווער — דער קלײנער אנדרײ,  
פאשעט אין שטעטל די סטאדע.

אין פריסטן באגינען — די ייִדן שוין הערן,  
דאָס פײַפל פון פאסטעך, וואָס וועקט זײ פון שלאָף...  
און עמעצער טרײַבט נאָכעם הימל די שטערן —  
די ליכטיקע טשערעדע שאָף.

זײַן טאטע שפאנט אײַן שוין דעם אָקס אין יארמאָ,  
אין פרישן באגינען פון יוני, —  
ס'זײַנען קײן שאָף און קײן רינדער ניטאָ  
בא אנדרײען אין לײדיקער קלוני...

דאָס פאסטעכל ערגעץ אין האָרנדל שאלט,  
און ס'ענטפערט דער עכאָ פון ווײַטן, —

זיי פאָרן נאָך האָלץ אינעם פריצישן וואלד,
אף קאָרענעם ברויט אים פארבײַטן.

די מאמע פארגרייט זיי מיט שקאָרקעס דעם זאק
און וויינט אין איר לײַנענעם פארטעך,
דער טאטע פארוקט די פארזשאווערטע האק,
איןברייטן קאָליריקן גארטל:

— עקסעלע, עקסעלע — ברויטגעבער, וויאָ,
אלט ביזטו — עקסעלע אלט!..
און ס׳שלעפט זיי דער אָקס אינעם שווערן יארמאָ,
מיט פארוואקסענע וועגן צום וואלד.

ער ציילעמט זיך שטיל — ס׳זאָל קיינער ניט הערן,
ס׳זאָל באָיארסקי ניט אופשטיין פון שלאָף,
און עס עצער טרײַבט פונעם הימל די שטערן,
די ליכטיקע טשערעדע שאָף.

א וועוורוקל טאנצט דורך פון קוסט אף א בוימל,
און טוליעט אין נאָרע זיך צו,
א טאָסנע גייט אָפּ מיט לויטערן בוימל,
און זשליאָקעט און זשליאָקעט די רו...

און אנדריי האָט צעבונדן דעם לײַנענעם זאק,
דאָס הארץ זאָל אזויפיל ניט כליאנען.
זײַן טאטע הויבט אוף די פארזשאווערטע האק
אפן הילצערנעם פלייש פון די שטאמען.

צעוויגן זיך ביימער און וויינען ניט וואָס,
וואָס וויל אָט דער מענטש מיט די ברעמען?
גיי זאָג זיי, גיי זאָג זיי, גיי זאָג זיי פארוואָס
מע מוז אָט די ביימער פארברענען...

ער גראָבט אײַן די פיס, ווי צוויי שטאַמען אין דר'ערד
האַרטער און זיכערער שטעלט ער...
ס'האָט ערגעץ באַיאַרסקע אין שטילקייט דערהערט,
ווי עמעצער האַקט זײַנע וועלדער.

ער לויפט און ער יאָגט מיט צווייערדיקער ביקס
דעם קאָפּ אין די אַקסל פאַרהאָרבעט,
און גאַנוועט זיך שטיל מיט די טריט פון אַ פיקס,
וואָס גאַנוועט זיך אונטער צום קאָרבן.

און ס'האָט נאָר אַ הילעך — אַ רויך און אַ שוים,
אַ וויג און אַ רודער די שטאַמען, —
זײַן טאַטע איז שווער — אַ פאַרשניטענער בוים
מיט דער בערעזע געפאַלן צוזאַמען,

און האָט נאָר פאַרגראָבן די נעגל אין דר'ערד,
אַ ווײַלע געבליבן נאָך שטיין;
צום הימל אַ טויטער זיך איבערגעקערט,
מיט געלע צענומענע ציין...

איז שטילער געוואָרן — פאַרטײַעט אין שווײַגן,
אַנדריי איז אוועק און אוועק, —
און ס'האָבן אויף ביימער פאַרבראָכן זיך צווײַגן,
ווי הילצערנע הענטלעך פון העק...

3

... און ס׳האָבן אין הימל,
אין הויכן, אין בלאָען —
באַוויזן זיך קראָען:
קר-א-א...
קר-א-א...
— — — — — —

דערשראָקענע קראָען:
אין הימל אין בלאָען, —
די אויגעלעך — קאַלט,
און די פליגעלעך — קעלט...

פון פינצטערן וואלד,
און דורך ליידיקן פעלד,
איז געלאָפן אנדריי.

און אין מיטן פון פעלד,
האָט אין סקירדע פון היי
זיך געוואָרפן אנדריי
זיך געוואָרפן — און שא-א...
קרא-א-א...

ס׳האָט אנדריי ניט געוויינט, —
נאָר מיט טרוקענע אויגן,
פארדרייט און פארקליינט,

האָט באטראכט דעם פארגאנג,
און די פעלדער באטראכט:
נאכט!
נאכט!

און פלוצים אין בלאָען
פון אָוונט דערהערט, —
א טופּען פון טלאָען,
א אָטעם פון פערד...

פון נאכטיקע פעלדער,
מיט הוקען מיט ווײַטן
פון יענער זײַט וועלדער,
באווײַזן זיך רײַטער.

אָט זעט מען שוין איינעם,
א צווייטן, א דריטן,
מיט רויטינקע בענדלעך,
אף גרינגלעכע היטלען...

כאַפּט אויף זיך אנדריי,
פאַרזשמורעט דאָס אויג, —
זיי פאָרן צום היי?
זיי פאָרן צום סטויג?

הויבט ער אָן שרייַען,
ער רופט מיט די הענט —
ער האָט צווישן רייַטער
מייַן ברודער דערקענט...

— — — — — —

4

מײַן ברודער האָט לאַנג שױן פֿאַרלאָזן די הײם,
און פֿאַרלאָזן דאָס הױז.
זונטערן קאָל פֿון מײַן מאַמעס געװײן,
איז מײַן ברודער אַרױס...

פּוסט איז געװאָרן די ענגע סטאָליאַרנע,
װוּ ער האָט געהובלעװעט ברעטער.
סטרוזשקעס זיך האָבן פֿון אונטער דער אַרבעט,
צעזונגען אין נאַכטיקײַט שפּעטער.

ס'האָט שױן אין שטאַלן געקרײעט דער האָן,
אַף נאַסירעלעך פֿרעמדע, —
װען ס'איז געקומען אַ יאַט פֿון רעװקאָם,
מיט כעװרע אין כאַקענע העמדלעך.

דער פֿאַרטאָג איז געװען אַזױ רױִק און גרױס,
אַזױ גרין אַזױ ברײט אײנעם װאַקסן,
װען ס'זײַנען די כעװרע מיט ביקסן אַרױס,
מיט שינעלן אַף יינגלשע אַקסל.

אף ביקסן האָט בלויַלעך געציטערט די ליכט
געציטערט אף רערן אף גלאטע.
אף מאָרגן פארנאכט האָט א צוג שוין געפירט,
א צוג א געפאקטן מיט יאטן.

און איך בין געשטאנען אף פּוסטן פּעראָן,
אין ווארעמען אָוונט געוויקלט.
מײַן ברודער האָט לאנג פונעם לעצטן וואגאָן,
געפּאָכעט צו מיר מיט דער היטל.

אנדריי איז געלעגן אין פעלד לעם דער סטאדע,
אין שאָטן פון עפּעס א קוסט, —
ער האָט דעם צוג דאן געזעען אוואדע,
נאָר ווער—אינעם צוג ניט געוווּסט,

ער האָט נאָר וואגאָנעס מיט בענקשאפט באגלייט,
באגלייט מיט זײַן הויכן געשריי...

— — — — — — — — — —

5

— — — און איצטער אין פינצטערניש שטייט,
אין בלאָטיקע שמאטעס אנדריי

רופט און הייזעריק שרייַט ער,
פּאָכעט און מאכט מיט די הענט.
אנדריי האָט צווישן די רייַטער,
זייַן כאווער — מייַן ברודער דערקענט.

צעטופּען זיך שטארקער די פערד נאָך,
אף ווייכינקע ערדן פון מאָך, —
און א גרויסע איבער דער גאנצער ערד,
שווימט א גרינע לעוואָנע זיי נאָך,

און סע זעט די לעוואָנע — מע פליט
אף נאסע פארמאטערטע פערד, —
א פייַף זיך א ווילדער פארציט,
און א ווידערקאָל שרייַט פון דער ערד...

און אנדרײ זיך פארגײט אין דער נאכט,
אין פינצטערניש הײזעריק שרײַט ער;
צום שטעטל — מיט נאכטיקן שליאך
זיך טראָגן די רויטע רײַטער.

די טוװעס, די צײַטיקע טרעטן,
זיך לאָזן אין קייטן פאנאנדער...

— — — — — — — — — — — — — —

אײנצײַטיק — צום נאכטיקן שטעטל,
פירט דאָרט באָיארסקע זײַן באנדע.

ער זיצט א פארדרײטער אין בורקע,
מאָסטעט אין זאָטל זיך בעסער,
מיט גאנײװישע טריט פון א הורקע,
װאָס גײט אופהאקן ערגעץ שלעסער,

בויגט ער זיך אָנעט — און שטײַף,
די צװײ מיטלסטע פינגער אין מויל, —
און א װילדער גאנײװישער פײַף,
לעכערט די פינצטערע הויל...

— — — — — — — — — — — — — —

## 6

... אויף הילצערנע הײַזלעך —
אויף שטרויענע קעפּ,
אויף פיסעלעך קליינע,
קריכט אום די שרעק, —

פּאטשט מיט די פיסלעך,
קלאפּט אין דער ערד
און ס'מעלקן די כאָשעווע ייִדן —
די בערד.

אין נאָמען פון אלע,
פון הײַזער,
פון אלץ,

אויף בלעכענע טאצן,
מיט ברויט
און מיט זאלץ

אין נאָמען פון ייִשעוו — פון כאָשעווע ייִדן,
גייט מען באגעגענען
די באנדע מיט פרידן...

און דאָרטן פונוויַיטן —
מיט פליושענער פאָן,
נעענט צום ייִשעוו
א רויטער באטאליאָן.

און פאָרויס אף א פערד,
פאָרט דער קאָמבאט.
דער שליאך איז ווײַס, —
דער שליאך איז גלאט;

— באנדעס פון האָרבעליאָוו —
זײַט זשע געהיט!
א רויטער באטאליאָן
היט דײַנע טריט!

ווייסט עס ניט קיינער,
און כאָשעווע ייִדן,
גייען באגעגענען די באנדע מיט פרידן.

אין נאָמען פון אלע,
פון הײַזער,
פון אלץ,
אף בלעכענע טאצן
מיט ברויט,
מיט זאלץ...

שטייט מען באם וואָלאָסט, —
מע שווײַגט,
מע ווארט —
נײַן,
צען,
נאכט!..

— — — — — — — — — — — — — — —

## 7

און מיט א קוויטש, מיט א הו-הא,
לויפט און יאָגט א עסקאַדראָן
מיטן „באַטקאָ“ אויבנאָן,

מיט די פּיסלעך האָפּעניו,
מיט די פּיכלעך טאָפּעניו,

מיט א לאָם און מיט א האַק,
טאַנצט אין גאַס דער הײַדעמאַק,

שטייט אין מיטן גאַס און שרײַט,
און דער טשוב איז אַף א זײַט,
און דער קאָפּ איז אַף א זײַט...

און באַיאַרסקע — אָט דער פּאַן,
אָט דער ווילדער אַטאַמאַן,
מיטן גאַנצן באַלאַגאַן, —

דרייט צופרידן מיטן גוף,
שלעפּט די הויזן
אַף אַרוף

טאנצט מיט שיקערן געשריי —
דרייט די שיקערע אויגאנעס
מיט די בײַטלען אונטער זיי.

און די פערדעלעך די פולע
און די בײַכעלעך די פולע
לויפן דולע,
דולע,
דולע,

און סע יאָגט דער עסקאדראָן,
מיטן „באטקאָ" צוויבנאָן,
מיט א קוויטש,
מיט א הו-הא...

— — — — — — — — — — — — — —

## 8

און פּלוצים —
ס'איז שא-אַ...
מע שיסט און מע שיסט
ערגעץ, פונוויַיטן,
שאלט א האָרניסט.

איבער די קעפּ —
זיך פאַרגייט דער טרומ'יט.
א רויטער באַטאַליאָן
גייט און גייט...

„זיי" לויפן, „זיי" יאָגן,
קריכן און פויזען, —
ס'האָט דוכט זיך דער „באַטקאָ"
פאַרלאָרן די הויזן.

אָן א ברעג, אָן א היים,
אָן א סאָף, אָן אן עק
מיט שטויב און מיט נאכט
איבער מענטשלעכע קעפּ.

און סע רופט זיי־צונויף,
און סע רופט דער האָרניסט,
מע פּאַטשט מיט די הענט,
מע שרײַט און מע גריסט.

און איבער די קעפּ —
זיך פאַרגייט דער טרומייט
— אין זײַן מעשענער פרייד.

און ס'הירזשען און ס'רײַסן
די צוימען די פערד,
און אומרויִק רײַסן
די טלאָען די ערד...

און עפּשער א שאָ האָט פון גאַנעק פון ראַט,
באַגריסט אַלץ דעם אוילעם דער יונגער קאָמבאַט...
— — — — — — — — — — — — — — —

## 9

מײַן ברודערס קאָפּ איז קוטשעראַווע,
און גרין זײַן שינעל.
כ'האָב שוין לאַנג אַזאַ גוטן כאַוועך
ניט געהאַט, ניט געזען.

ער איז געזעסן מיט קוילן באַהאַנגען,
אין פערד זײַנעם — פעסט און געניט.
פאַרמאַטערט איז זײַן פערד געגאַנגען,
מיט געמאָסטענע טריט,

אַ שטרוי אַפּן שליאַך געזוכט,
און ווידער געלאָזן זיך פרײַ...
בײַ מײַן ברודער — ווײַסער פוך,
ווי דער צווייט אויף די ווערבעס פון מײַ.

זײַן קײַלעכדיק־ייִנגלש פּאָנעם,
איז מאַנצבלש פאַרהאַרטעוועט גראָב,
ווי די הויכע פולע לעוואָנע,
וואָס הענגט איבערן ראָוו,

ווי איר ווײַטער און גראָבער קאַנט
אפֿן שפּיץ פֿון באַנאַכטיקן בוים...
...ס׳האָט אַנדריי אים געגעבן די האַנט,
גענומען זײַן פֿערד בײַ דער צוים.

ער איז געשטאַנען מיט באָרוועסע פֿיס,
מיט ווײַסע צעפּאַטלטע האָר, —
און אין טאָרבעלע זיבעצן ניס, —
זיבעצן ייִנגלשע יאָר.

דאָס שאָפּענע פּעלצל אַראָפּגעבויגן,
די היטל אַף אויבן פּאַרוקט,
און האָט מיט גרויסע אויגן
אפֿן ברודער געקוקט:

— לאָז מיך ניט איבער דאָ בעסער,
איך וועל פֿון דיר איצט ניט אָפּ,
ביזוואַנען מע וועט אַף אַ מעסער
ניט טראָגן אַ טויטן מײַן קאָפּ.

אוי, וועל איך איצטער קוילען,
אוי, וועל איך הוליען אין שלאַכט, —
כ׳וועל באַגינען דערלאַנגען דיר קוילן,
צעלייגן אַ שײַטער באַנאַכט.

כ׳וועל זיך צו אים נאָך דערקלײַבן,
„אים" אָפּלייגן ערגעץ אַף „קאַלט"...
איך וועל „זיי" אַף טרוקענע צווײַגן
בראָטן אַף שײַטערס אין וואַלד...

— — — — — — — — — — — — — —

— אוי, איצט א צי טאָן די צוים,
פּאָרן און פּאָרן און פאָרן, —
כ׳וועל רוען אין שאָטן פון בוים,
דערשלאָפן די נעכט אינעם קאָרן.

כ׳וועל נאכטלעג אין וועלדער געפינען,
נאכטלעג אונטער א בריק,
איך וועל אוועק אין באגינען,
אף מער זיך ניט קערן צוריק...

---

און דער ווינט האָט געטריבן דאָס קאָרן,
און ס׳האָבן די הימלען געהערט,
ווי ס׳האָבן פארגראָבן זיך שפּאָרן
אין ווארעמע לייבער פון ערד...

---

10

און א ראָטע נאָך א ראָטע,
גייט אף וועגן די פּעכאָטע,

און ס'פאַרציִען רויטאַרמייער,
און פארגייען זיך אין לידער...
אונטער רויטע פאָנען גייען—
גייט אנדריי און ס'גייט מײַן ברודער.

און א רייע נאָך א רייע
גייען שווער די באַטאַרייען,

און אַנדריי — א בויג אין פערד,
עך, דו רויטער באַטאַליאָן!
און א שמײַס די קרוין אָן דר'ערד
און דעם אָדלער פון שלאַמבאָן.

און אַלץ גיכער און פארשײַטער,
ניט פארמאַטערט און ניט מיד,
טראָגן, יאָגן זיך די רײַטער
אין די מײַלער מיט א ליד.

כ'האָב די ליד דאַן ניט פארשריבן,
ס'זײַנען לידער דאָ אַסאַך...
און א שטויב איז נאָר פארבליבן
אפן שליאַך...

— — — — — — — — — — — — — — —

11

איבער וועגן, איבער פעלדער,
איז א נאכט געוואָרן.
דורך די האָרבעליאָווער וועלדער
זײַנען זיי געפאָרן.

און די וועלדער זײַנען שטומע, —
אומרויִקע שטייען;
און דורך וועלדער שטומע קומען,
קומען רויטארמייער.

און אין הארצן — רוישן בלוטן,
און דאָס בלוט — א שײַטער.
צו באָיארסקעס רײַכע גוטן,
קומען אָן די רײַטער.

און זײַן רײַכע הויז איז אָפן,
גלאַנציק די פּארקעטן.
ווײַזט אויס — נאָרוואָס מ'איז אנטלאָפן
פון די ווײַסע בעטן.



694—5*

אונטער סטעליעס — ברענען ליוסטרעס,
ברענען רײַכע לײַכטער.
איבער זאלן רײַכע, פוסטע,
בלאָנדזען אום די רײַטער.

קריכט אנדריי אפן קאמין,
און די סינע ברענט אים, —
כאפּט א באנקע קעראָסין,
פליוכעט אף די ווענט זי.

כאפּט א האָלעוועשקע פײַער
לאָזט זיך דורך די טירן...

— — — — — — — — — — — — — — —

— „היי — פאלאצן זײַנען טײַער,
פּרווו אים נאָר א ריר טאָן" !..

האָבן כעוורע אים געהערט,
האָבן זיך פארלאָרן, —
מ'האָט געזעצט זיך אף די פערד,
און געלאָזט זיך פאָרן.

און פון נאָענט און פון ווײַט,
עך,—סע סווישטשען צווײַגן.
(אין אזא מין זומער-צײַט
פלעגט מען יאגדעס קלײַבן).

הויכע סאָסנע — בויג די קרוין,
העלף דעם פאן דעריאָגן !
איבער סאָסנעס ווען ווערט שוין,
ווען ווערט עס שוין טאָגן !..

— — — — — — — — — — — — — — —

12

הונגער,
הונגער —
שוואַרצע ראָב —
נידערט שוואַרץ אױף יעדנס קאָפּ.

אַלע רײַטער זײַנען מיד,
זײער מיד...
שטאַרבט אַ הונגעריקע ליד,
אוי, אַ הונגעריקע ליד.

און צעטראָטן זײַנען טװוּעס,
און צעטראָטן קאָרן, —
איבער װעגן, איבער װעלדער,
װידער נאַכט געװאָרן.

האָט אַנדריי געבומען,
אָנגעשאַרפט אַ האַק

און אוועק נאָך צווײַגן
פאר א ביוואָק...

— — — הויבט זיך אוף א רײַטער:
— זאָג מיר נאָר קאָמבאט,
וואָס וועט זײַן עס ווײַטער?
הונגעריק די רײַטער!..

הויבט זיך אוף א צווייטער,
הויבט זיך אוף א דריטער,
און א הויב די היטל,
און א רעווע ווידער:

— ברידער מײַנע, ברידער,
דו נאָר יאָג און יאָג,
„ער" האָט שוין פארגעסן,
אז מ'האָט ניט געגעסן,
שוין דעם דריטן טאָג...

— — — — — — — — — — — — — — —

איז ארויס זיי זאָגן,
זאָגן דער קאָמבאט:

— ברידער, מײַנע רײַטער,
נאט מײַן לײַב און שינדט!..
זאָגט אליין — וואָס שרײַט איר,
וואָס ווילט איר עס אצינד?!
אז ס'איז ניטאָ קיין ברויט,
אז ס'איז ניטאָ קיין ברויט...

האָבן בלויע אָדערלעך
געציטערט אונטער הויט.

אָדלער, מײַנע אָדלער,
זינגט א ליד דעם טויט,
זינגט איצט גרויזאם לידער,
ס'איז אוועק דער ברודער
אינעם דאָרף נאָך ברויט...

אָדלער מײַנע אָדלער,
זינגט א ליד דעם טויט!..

און גרויזאם, ווי דאָס שווײַגן,
אָטעמט אן ארמײ, —
ווען ס'האָט מיט צווײַגן
זיך אומגעקערט אנדריי,

איז ער נאָך א מידער
אוועקעט נאָכן ברודער,
אינעם דאָרף נאָך ברויט...

פאָרט ער איצט אליין נאָר,
און ניטאָ איז קײנער,
און ניטאָ איז קײנער...

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

13

— אוי, אזא גוואלדיקע ענגשאפט,
אָ, אזא הויך, אזא גרויס
א גרויסע, א גוואלדיקע בענקשאפט,
צעוואלגערט די ווענט פון מײַן הויז,

און טאָטשעט און טאָטשעט מיט אײַז מיך,
ס'וויל געבן א רעווע דאָס מויל, —
אז פארציטערט אין מענטשלעכע הײַזער
זאָל דורך לײַבער דורכגיין א גרויל,

אז ס'זאָל זיך פון אויבן ביז אונטן,
א ריס טאָן פארציטערט דער וואלד;
כ'וואָלט איצטער אפילע א הונט דאָ,
געפאלן אין נאכט אפן האלדז, —

געפאלן מיט אָפענעם מויל
צו ווארעמער הונטישער פעל...
גרויע באנאכטיקע הויל,
ווען וועט עס ווערן שוין העל?..
— — — — — — — — — — — — — — —

## 14

...און ווילדע זיך פּאַשען די שנערן,
און אײנציקווײַז רײַסן זיך אָפּעט, —
שווער איז אין שטילקײַט צו הערן,
ווי ערגעץ אין פינצטערניש טאָפּעט.

אָט דריבט זיך א שטויב פון שאָסײ,
און שטאַרקער פאַרציִען זיך לײַצעס:
ס'טראָגט זיך פון ווילדער אנדרײ,
מיט א פאַרבונדענעם מענטש אף די פּלײצעס.

און ווינט רײַסט אראָפּ די פּאָפּאַנע,
און בײמער זיך רײַסן פון צווײט.
א צעפּוזשעטע לויפט די לעוואָנע,
א מעשוגענער הונט נאָך די טריט.

און ווינט האָט געטריבן דאָס קאָרן,
און ס'האָבן די הימלען געהערט,
ווי הילכיקער קלאַפּן די שפּאָרן
אין שוימיקן לײַב פונעם פערד.

ווי לעוואָנע א פּראָסטיקע, רויטע,
בלײַבט אינעם הימל פאַרזאָמן...
און ס'וויגט זיך דער ברודער א טויטער,
אריבערגעבויגן דעם זאָטל,

זײַן ייִנגלש און קײַלעכיק פּאָנעם,
איז רויִק און קינדעריש מילד, —
ווי ניט לאנג אונטער לעצטער לעוואָנע,
וואָלט ער זיך מיט קינדער געשפּילט...

אנדריי איז אראָפּ אַף דער ערד.
דורך געלע פארשנירעטע ציין, —
אין ווארעמער גריווע פון פערד,
באהאלטן פארשטיקט דעם געוויין.

און דאָס פּאָנעם פון טויטן איז געל,
און בלויער פון נאכטיקן הימל.
כ'האָב גענומען זײַן גרינעם שינעל,
דעם רעוואָלווער פון בלוטיקן רימען,

פּארדעקט דאָס פארבלוטיקטע פּאָנעם,
דאָס צעהאקטע געזיכט פונעם ברודער...
ערגעץ האָט ווײַט די לעוואָנע,
געווארט אף די פעלדער אים ווידער.

און ס'האָט דער געזאָטלטער פערד
אפן דערהארגעטן רײַטער געווארט...
און קאלט האָט דאָס הארץ פון דער ערד
געקלאפּט אין דער טויבקײַט פון נאכט.

ס'איז דורך אזא פראָסטיקער גרויל, —
אז ס'האָט איבער שליאכן דער שטיין
געהערט אין דער פינצטערער הויל
מײַן מאמעס פארשטיקטן געוויין..

— — — — — — — — — — — — — — —

## 15

פארטאָג האָט אנדריי זיך געזעגנט
און געקערט זיך צוריק אין ארבּיי...

---

כ'האָב מער אים פון דאן ניט באגעגנט,
מײַן כאווער אנדריי.

*   *
*

און ווידער איז רויִק, און שטיל איז ארום,
פון אונטער די פענצטער גייט אוף שוין די זון

ווידער מיט בלוט און מיט זוימען שוין רײַך,
טראָגט זיך אף דאָרעם א שוימיקער טײַך,

שווימט צו דעם יאם מיט די כוואליעס אראָפּ, —
ווי איבער מײַן יונגן דערהויבענעם קאָפּ.

שווימט זייער ליכטיקער אָנדענק פארבײַ...
ס׳איז אווגוסט אצינדער — נאָר לעבן זאָל מײַ,

די לאָנקעס פון פרילינג, דאָס בלוט פונעם טאָגן,
די ליבע, וואָס האָט זיך דורך יאָרן דערטראָגן!...

כ׳געדענק נאָך ביז איצטער, ווי לאנגזאם און מיד
פלעגן זינגען די מאמעס באם וויגל דאָס ליד,

ווי ס׳האָבן די לידער די קינדער געהערט...
א מוילעד פארגייט פון פארטאָגיקער ערד

און שטיל איז אין צימער און שטיל איז ארום,
פון אונטער די פענצטער גייט אוף שוין די זון

און ס׳שווימט זייער ליכטיקער אָנדענק פארבײַ...
ס׳איז אווגוסט אצינדער — נאָר לעבן זאָל מײַ!...

אווגוסט 1929

## פ ר י

י. בראָנשטיינען

עס זײַנען נאָך טונקל די ערשטע קאַיאָריקע ליידן,
דורך ליידן דורך רויטע ווערט ליכטיק מײַן טונקעלע ווײַט.
שטיל איז אַצינדער. זאָל שטילקײַט פאַר מיר איצטער ריידן,
שוויַיגן באַגינען — הייסט ריידן אַי הויך, אַי פאַרשײַט.

מיט טײַנעס מיט שטומע, מיט הארבסטיקן פאַלן פון בלעטער,
איצט שטיי איך פאַרשאָטנט פאַר ווײַטע און נאָענטע טעג...
ווען איך וואָלט געוווּסט, וואָס געשעען וועט שפּעטער,
וווּהין וועט זיך שלענגלען מײַן נאָך ניט באַטראָטענער וועג?

אין דו פון פאַרגיין, ווו ס׳האָט זיך א וועלט דאָרט פאַריגלט,
איצט בליִען אין גאָלדן די ערשטע קאַיאָריקע רעגעס.
פאַר וועגן געדרייטע, וואָס זײַנען אף ערד דאָ צעוויקלט,
איצט שטיי איך פאַרשאָטנט מיט ליפּן, וואָס ציטערן, פרעגן...

.1927

# אין וואלד

1

וואָרצלען טויזנטער שוין אָטעמען פון דר׳ערד,
און נײַע טויזנטער שוין פוקען זיך און שיילן.
מיט לײַכטן רויש פון וווקס האָב איך מײַן קאָפּ באשווערט,
מיט רו מיט רוישיקער, וואָס גייט פון שווארצע היילן...

און כ׳הער זיך צו — סע קלאפּט דאָס בלוט אין שלייפן,
סע זוכט דאָס אויג אין פינצטערניש א היים...
די שארעס וועלף, וואָס לויערן נאָך פלייש הײַנט,
ווארטן מיט דער נאכט — אף וועמעס א געביין?

...רוישן דעמבעס שטום, די אלטע קעפּ דערהויבן, —
זיי וועלן אָט אזוי יאָרהונדערטער דערשטיין!
און איך — פאר מאָרגנס גאָלדענע, וואָס טליִען אין דעם שטויב נאָך,
לערן זיך בא וועלף דאָ שארפן מײַנע ציין.

1927.

## 2

נאַטקע לוריע

איר האָט ווען געהערט אין אַ האַלבנאַכט, ווי ס'נאָגן אין וואַלד די קוקאַוועס,
ווי ס'וועקן די ווינטן דעם עלנט פון געלן בוריאַן?..
אויף האַרבסטיקן טרוקענעם גראָז — גרינגע און ווינטיקע כוואַליעס,
וויגן אַזוי זיך עס סטאַם.

און ס'ליגן פאַרשניטענע סאָסנעס מיט טויטע מיט טרוקענע צווײַגן,
און גלעטן מיט טרוקענע צווײַגן אויף קאָפּ מיר דעם שויבער פון האָר...

אויפן פּנים אויפן אַלטן — אויף זײַנע פאַרבליבענע קרײַזן,
שטיי איך און צייל — זײַנע אַמאָליקע בלייַקע יאָר.

איך זע ווי ס'גייט אויף און פאַרגייט — ס'איז עפּעס ניטאָ און פאַראַנען...
וואָס האָב איך געטאָן שוין פאַר ערד, פאַר דיר, אונדזער גרויזאַמער לעבן?
איך זע מײַנע יאָרן פאַרלעבטע, ווי וואַרעמע שאָטנס פון טאַנען,
ווי ווייכינקע שאָטנס פון בוימלעך בײַ פאַרוואָרלאָזטע גראָבנס פון וועגן.

1927.

## 3

א ווערוריק אין דער הויך — איז גרוי און ציכטיק ריין,
אין פיסלעך פעדערשטע ער קנאקט מיט פרייד די ניס...
און איך — ווי איינזאם, ווי כ׳זאָל ניט זײַן אליין,
טויזנט פרעמדע הענט הײַנט פענטען מײַנע פיס.

ס׳איז אזויפיל גליק, אזויפיל רו פאראן,
נאָר ערגעץ כ׳הער אין דעמב אלץ שקראבעט זיך א וואָרעם;
ס׳קלאפט דער פיקהאָלץ לאנג אין אלטן שיינעם שטאם,
און זוכט אים לאנג אין גראָווער גראָב פון קאָרע...

און דאָ אליין — פון יונגן וואלד פארשטעלט,
איך ליג און זע און ס׳ווילט זיך לאנג נאָך הערן, —
איך נעם ארום — מײַן שיינעם דעמב, מײַן וועלט,
בא שײַן פון זון און בא דער שײַן פון שטערן...

1928

## ווען מע שיסט אראָפּ דעם פויגל

אף קאַלטן שטיין זיך ציט א שנירל בלוט,
און ווײַסע כעדערן באשפּרענקלען זיך אין רויטן,
ווערט פויגל שטיל — ווערט פויגל טויט-באַרוט,
אין אָפּגעקילטן האַרץ ווערט אָפּגעקילט דער שרויט...
ווײַסע פעדערן באַשפּרענקלען זיך אין רויטן...

— — — — — — — — — —

... פון פײַכטער ערד זיך ציט א בלויער רויך,
וואָזשע ביסטו, קאַפּ, אין אומעטקײַט פאַרשווערט?
א פויגל שטאַרבט אף דר'ערד — נאָגנדיק נאָך הויך,
א וואָלקן צאַנקט אין הויך — בענקענדיק נאָך ערד...
וואָזשע ביסטו, קאַפּ, אין אומעטקײַט פאַרשווערט?

1926

## אָוונט

ס׳איז בלוי די הייך און גרינג אזוי און ליידיק.
באלד וועט טאָג דאָרט אונטער וואלד פארגיין. —
יעדער צאנקען — איז א טיפער ווייטיק,
יעדער ווייטיק — איז א שטיל פארגיין.

די זון פארגייט — און אומעטום איז אָוונט,
און אומעטום איז בלוי.
די ערד איז שווארץ, די ערד איז נאָענט,
און ס׳טריפט א רעגנדל פון קאלטן טוי.

ווייכע רו איך קלייב איצט אין מײַן אָטעם,
מיט שטילן רויש פון פאלנדיקן צוויט.
ס׳האָט הימל הײַנט אין שטערן זיך צעשאָטן,
און ווײַסן זילבער שיט ער איצט און שיט.

הויב איך אוף צו שטילער הויך די וויִעס,
און קלײַב דעם גלאנץ פון שטערנדיקער הויך.
ווי קען איך דאָ ניט בענקען אין דער נידער,
ווען ס׳בענקען שטערן איצטער אין דער הויך?

1926

# האַרבסט

1

זשאווער קופּערנער פון בלעטער אונטער פיס,
און ווי דעם גאָלדענעם קען קיינער איצט ניט העלפן.
אף צווייַגן צאַפּלט שוין א פייַכטער גרוס,
פון אָנהייב וועלקן.

א קאלטע זון אף גרויען האָריזאָנט,
אַן אלטער דעמב, א הויקערדיקער בעטלער.
אין וועלקן גאָלדענעם האָב איך אצינד דערקאָנט,
וואָס רופט זיך עלטער.

1927

2

הארבסטיקע, הארבסטיקע פארבן,
ערשטע פארטאָגיקע שנייען, —
כ'האָב פֿײַנט אים דעם אָטעם פֿון שטארבן,
דעם אָטעם פֿון די וואָס פארגייען...

נעם מיך, מײַן כאווער, ארום,
זײַ מיר ווי קיינמאָל ניט־נאָענט —
זע ס'ארא נאקעטע זון
פאלט אף מײַן אייגענעם אָוונט...

כ'ווייס ניט צי איך וועל דערטראָגן,
דערטראָגן די ליד פון מײַן מוט...
ס'איז ליב מיר דער אומזין פון טאָגן,
און אל'ץ, וואָס ס'וואשט זיך אין בלוט.

1928

# קירגיזישע זינגט

1

א וועלפּעלע האָט א נאָרע,
אַן אָדלער האָט א נעסט,
א וועווריקל — א פּעלכל א קלאָרע,
זיך ווינטער פאַרהיטן פון פרעסט.

מיר, אז מיר האָבן קיין היים ניט,
ניטאָ איז אַן אויסוועג אַן אנדערער, —
שנײַדן מיר אויס א בּערעזקע
און ווערן וואנדערער.

2

נעמט זיך אלע, נעמט זיך יעדער,
קומט זיך לאָזן טאנצן,
קומט מיט מיר אין מײַנע סעדער,
עפּל-בוימער פלאנצן.

ס׳איז מײַן בוים נאָך ניט געראָטן,
נאָר איך שטיי און בענטש, —
וואָס אמאָל אונטער זײַן שאָטן,
רוען וועט א מענטש.

ס׳וועלן גרויסע אָדלערס בלײַבן,
וועלן בויען נעסטן,
ס׳וועלן פרייען זיך די צווײַגן,
מיטן עפּל, מיטן בעסטן.

נעמט זיך אלע, נעמט זיך יעדער,
קומט זיך לאָזן טאנצן, —
קומט מיט מיר אין מײַנע סעדער,
עפּל-בוימער פלאנצן.

3

סאָסנענער וואלד, סאָסנענער וואלד,
ליכטיקסטער, שענסטער!
פארן קאָרשון האָט מוירע אין וועלדער א שוואלב
בויט זי א נעסט אונטער פענצטער.

איך האָב נאָר מוירע פאר מענטשן אליין,
קומט זשע צו מיר איצט ניט בעסער, —
כ׳האָב ליב אין דער פינצטער אף גלאטינקן שטיין,
א רויִקער שארפן מײַן מעסער...

4

מײַן טײַערע מײדל, מײַן ליבע נעשאָמע,
װילסטו מיך זעען — טאָ זע די לעװאָנע, —
די לעװאָנע איז אײנזאַם און אײביק נאָר אײנע,
איך בין אױך אײנזאַם, איך בין אַלײן נאָר.

פאָרװאָס די פֿױגעלעך פֿליִען אין טאָגן,
פֿליִען דאָרט ליכטיקע גרינגינקע אום, —
פֿאַר בײדעמענס ליכטיקער בליִקער יוגנט,
װײנט איצט אַ מײדל באַם אופגײן פֿון זון...

מײַן טײַערע מײדל, מײַן ליבע נעשאָמע,
װילסטו מיך זעען — טאָ זע די לעװאָנע...

טיפליס—טשערניכאָװ

1927—28

## איר געשענקט

1

קאָרן-שוועסטערלעך בליִען אינעם קאָרן,
און זי האָט בלאָנקענדיק געזוכט זיי אין דער ווייץ —
ס'איז ליכטיקער, ס'איז לויטערער געוואָרן
אין דער ווייץ.

סע שרייט א טאָג א יונגער פון די אויגן,
און קנאָספּן פּוקען זיך און לאָפּען זיך פון צווייט.
אלע בלעטער דאָ — צו מיזרעך-צו געבויגן,
און איך — פאר איר, פאר דער, וואָס איך האָב ליב.

ווערן ווייט אין ווייטקייט די אָנענדן,
א גרויסע ערד, א גרינע ארום מיר,
וווהין איך זאָל זיך איצטערטאָ ניט ווענדן,
מוז דער בליק איצט ווענדן זיך צו איר.

א ווייס בעריאָזקעלע האָט רויִק זיך פארבויגן,
און הערט זיך איין אין שטומעניש פארשארט, —
עס טריפט מיט לויטערקייט פון אירע אויגן...
מיר האָבןביידע זיך אין לויטערקייט צעלאכט.

1926

2

מיט די אייגענע קלײנינקע הענטלעך,
שפּילט זיך אין וויגל דאָס קינד...
א הויכע, א דינינקע ווענטקע,
פאַרוואָרף איך אין הימל אצינד,

די הויכע, די האלבע לעוואָנע,
נאָך אף א רעגע פאַרהאלטן, —
זי האָט זיך פון מיר אין די קליאָנען,
א פריילעכע, שטילע באהאלטן.

צעלאכט זיך א קינד אין די ווינדעלעך,
פּאַטשן צוויי פּוכינקע פליגעלעך, —
טויזנטער, טויזנטער קינדערלעך,
לאכן אין שטרויענע וויגעלעך...

1929

3

אין ווײַסן פעלד, אין ווײַסן מיטן,
שנייט א גאנצן טאָג און שנייט.
מיט העלע גלעקעלעך א שליטן,
לאָזט צוויי פאסן אין דער ברייט.

סע פײַפט די בײַטש — דער דינער דראָט,
דורך בלויער צאָפּנדיקער קעלט...
גוט, וואָס איך בין אין א שטאָט,
און ניט אין הוילן פעלד...

— — — — — — — — — —

...אין גרינעם פעלד, אין גרויסער היץ,
אין גרויסער ברייט, אין זונען-שײַן,
איז זי געגאן אין ווײַסן ציץ,
און איך אין העמדעלע פון לײַן.

און כ'האָב אין פעלד געזאָגט איר דאן,
דאָס איינציקע, דאָס ערשטע מאָל, —
פאראן אן אָפּגרונט בא א יאם,
פאראן א הויך איז אין א טאָל...

און ווען אין יענער בלויער נאכט,
בין איך געגאנגען זי באלייטן, —
זי האָט מיט אנדערע געלאכט,
זי איז געגאנגען מיט א צווייטן,

האָב איך געזאָגט — איך האָב דיך פײַנט —
אוועק פון מיר, אוועק פון דאנען...
סע פאלט א שניי, א שניי גייט הײַנט,
כ'וויס אליין עס ניט פונוואנען,

סע פאלט א שניי, די גאס איז קלאָר,
טווערסקאיא, סרעטענקע, ארבאט. —
און אזויפיל, שוין אזויפיל יאָר,
אז כ'האָב ניט קיינעם ליב געהאט.

און זע ביז איצט דורך בלויער קעלט —
די מידע טוועס אין דער היץ,
די הויכע סאָסנע אינעם פעלד,
איר ווײַסינק קאָפּטעלע פון ציץ...

1929

# אין א לעדערנער קורטקע

1

אלע מענטשן האָבן ליב די פארגאנגענהייט.
פארגאנגענהייט, איך האָב דיך ליב.
א נ א ט אָ ל  פ ר א נ ס „דאָס לעבן אין בליִען".

פון בלויע וואסערן
פון ווײַטן יאם —
א וואָלקן שווימט
דורך אלטן נאָטער-דאם,

פון וועלדער בוקענע
פון הויכע בערג
א ווינט טראָגט אום
אף גרויער ערד —

א גרויע בלאט,
א געלע בלאט...
אין ווארעמען —
אין וואטענעם כאלאט
שטייט אָנגעבויגן פראנס.

דער פּאָנעם געל,
צעקנייטשט און אויסגעצויגן.
מיט גרינער בלויקייט
אונטער אלטע אויגן
ער לויפט אין קאבינעט זײַנעם ארומעט,

און פליגן פייגערן
און גייען אויס פון אומעט,
און פאלן קאלט אף פענצטער פון דער נאכט...

און ער —
דער אלטיטשקער —
ער שטייט און לאכט,
און נורעט זיך אין ווארעמען כאלאט
פון טײַערער ליבער וואָל:

— „אמאָל, אמאָל
ס'האָבן פאסטעכער געזונגען אינעם טאָל,
מיט טשערעדעס געצייכנט דאָ די טריט...
פארגאנגענהייט —
איך האָב דיך ליב.

ס'ווערט ביז איצט ניט נימעס מיר צו הערן,
דעם גאנג
דעם אוראלטן פון דײַנע שטערן"...
— — — — — — — — — —

ער שטייט — און זעט:
אין פאריז —
אין שענסטער פון די שטעט,

פון בלויע וואסערן,
פון ווייטן יאם —
א וואָלקן שווימט
דורך אלטן נאָטער-דאם,

א ווינט טראָגט אום
א פוילנדיקע בלאט...

— — — — — — — —

און איך —
איך האָב איצט ניט
קיין וואטענעם כאלאט,
קיין וואָלענע
קיין גראָבע בורקע...

איך שטיי אף נעווסקי איצט —
גענוג איז מיר מײַן לעדערנע
מײַן קאַלטע קורטקע,

דער שווארצער ווינט,
וואָס כוואליעט מײַנע האָר,
וואָס טרײַבט א וואָלקן

דורכן פינצטערן סאָבאָר—
מיט אלטע ווענט
מיט גרויע אין פארמעסטונג
צו פעטראָפּאוולאָווער
צו אלטער פעסטונג, —

צו קאַלטע קאַמערעס
צו גרויע קאַרצערס...

דערמאָנונגען —
אַזוינע שווערע
זיך לייגן אַפן האַרצן
זיך לייגן שווער
און קאָרטשען זיך אין אָל׳:

— אַמאָל, אַמאָל
דורך שטרעקעס רוסישע
דורך וויסטע ברייטן —
מענטשן מ׳האָט געפירט
געקאָוועטע אין קייטן,

פון ווײַטע געגנטן
פון ווײַטע קאַנטן
מיט קעפּ פאַרשווירענע
סע גייען אַרעסטאַנטן

צום אַלטן שליסלבורג —
דורך נעוועסקער בריק...

— — — — — — —

פאַרגאַנגענהײַט —
איך בענק ניט אַף צוריק,

און זאָג עס פעסט
אין זיכערקײַט דיר הײַנט:
פאַרגאַנגענהײַט —
איך האָב דיך פײַנט.

און שווער איז מיר
און ווײַטעקדיק צו הערן,
אונטער שווינדלענדיקן גאנג
פון דײַנע שטערן, —
דײַן וויסטן
דײַן פארביטערטן געשריי...

איך הער ביז הײַנט
דאָס קאָל פון גאליליי,
דאָס קלינגען פון זײַן קייט
און ווי די ערד
א ריזיקע זיך דרייט.

— — — — — — — —

1930

## 2

די טראַדיציעס פון אַלע פאַרשטאָרבענע דורות
הענגען ווי אַ קאָשמאַר איבער די קעפּ פון די לעבעדיקע

ק. מאַרקס „18 ברומער“.

שוין גרויסער טאָג — איך עפן אויף די לאָד,
די כּייעס ריידן ניט און ס'ריידן ניט די פלאַנצן.
יעדערער טראָגט אום מיט זיך זיין סאָד,
און קיינער זאָגט זיין עמעס ניט אינגאַנצן...

פון זיידעס נאָך, פאַרשטאָרבענע פאַרגרויטע,
אונטער גרינע, אונטער צייטיקע לעוואָנעס,
טראָגן מיר דעם שטויב נאָך פון די טויטע,
טראָגן מיר אין אונדזערע נעשאָמעס,

און מיט אויגן שוואַרצע און מיט איילבערט־קלאָרע,
היטן מיר דעם שטויב פון אונדזער שוועל, —
ווי הינטעכעס — די אויסגעבעטע נאָרע,
ווי גאַסן־הינט — די אויסגעדאַרטע פעל,

און יאָגן זיך און טראָגן זיך אנקעגן,
און יעדערער באַהאַלט נאָך עפּעס אויס...

— — — — — — — — — — — —

מיט ברייטע מײַנע זומערדיקע וועגן,
גיי איך איצט אַ זיכערער אַרויס,

צו לאָנקעס דײַנע — זומערדיקע פלאַנצן,
צו זומער־שײַן, צו זונענדיקער ראָד, —
צעווייען אים דעם שטויב מײַנעם אינגאַנצן,
צעטראָגן אים דעם אַש פון אונדזער סאָד!..

1929

# געזונט זײַ, היים!

1

צוויט האָט זיך אין סקווער געשאָטן,
ווײַסער צוויט געפאלן לאנג.
ביידע הענט געלייגט צוקאָפּן,
בין איך געשלאָפן אף דער באנק,

איך האָב אין שלאָף מײַנעם געהערט,
ווי ווינטן זוכן עפּעס העכער,
ווי ביימער ריידן אין די נעכט,
ווי שטערן פאלן אף די דעכער.

און כ׳האָב אין מאָסקווער אלטע ווענט,
דערפילט אין שווײַגן פונעם שטיין, —
וואָס הייסט זיך פילן אין דער פרעמד,
וואָס הייסט דערפילן זיך אליין.

און ווען אין מאָסקווע האָט געטאָגט,
מיט שווארצע קוימענער און רויכן;
האָב איך אזוי אין פרי געזאָגט,
צו אירע זומערדיקע הויכן:

כ׳האָב קיין קוימענס ניט באַגעגנט,
אין טויבע ווינקלען פון מײַן לאַנד,
כ׳ווייס די גרינקייט פון מײַן געגנט,
די גרויסע וועלדער פון מײַן קאַנט...

און כ׳האָב מיט הונגעריקע אויגן,
מיט הייסע צייכנס פון מײַן טראָט,
אין טונקל-פריִען פון מײַן גלויבן,
געטרונקען מוט פון אָט דער שטאָט...

1929

## 2

ייִרמיִע דרוקערן

א גרויסע זון גייט אויף הינטער די קלויסטערס,
סע קלינגט דער זייגער פונעם הויכן ספּאַס.
ווי אַלע טאָג, בין איך אַהער אַרויס
צו דער פריִער אופגערירטער גאַס,

צום שפּעטן האַרבסט אין העלע ליכט געמישן,
ווי ס'לעצטע מאָל דער הויכער בוים איז גרין, —
ווי דאָרט — אין האַרבסטיקע קאַמישן,
אַף פריִע פעלדער פון וואָלין,

ווו ווילדע גענדז זיך הויבן צעפּאָלאָכעט,
און פליִען שרײַענדיק צום שוואַרצן יאַם...
אין אָט אַזאַ מין — פריִען אינדערוואָכן,
בין איך אַמאָל אַנטלאָפן צו דער באַן,

אַרויס אין פעלד — מיט אופגעמאַכטע אויגן,
אַרויס בין איך — פאַריסן הויך דעם קאָפּ...
...אַזויפיל נעכט האָט מיך אַהער געצויגן,
אַהער צו דיר, צו אָט דער אַלטער שטאָט.

און איצט א זון גייט אוף הינטער די קלויסטערס,
סע קלינגט דער זייגער פונעם הויכן ספאס, —
ווי אלע טאָג — בין איך אהער ארויס,
צו דער פר׳ער אופגעריךטער גאס,

צו מאָסקווע טײַך, צו קאלטע ווענט פון שטיין,
אף הונדערטמאָל און טויזנטמאָל דיר זאָגן:
געגריסט זײַ מיר מײַן צווייטע היים,
געגריסט זײַ אין דײַן טאָגן!..

1929

3

כ'האָב ניט געזוכט קיין רו אין אויסגעווייסטע ווענט,
מיט פרייד מיט אייגענער זיך קיינמאָל ניט באַנוגנט —
יוגנט מיינע
יוגנט!

פון שטילער היים — צו טומלדיקער שטאָט
א צוג האָט אונדז געבראַכט, א צוג האָט אונדז געפירט...
דורך גראָבע אָדערן, דורך שווארצן דראָט,
צו הויכע פאבריקעס סע לויפט די ליכט,

סע לויפט די ליכט
מיט פייערן מיט גרינע...
געזונט זיי היים,
געזונט זיי אוקראַינע!

אף מאָסקוואָרעטשער בריק, דיין נאָמען איך דערמאָן,
דעם אלטן טעטערעוו, די בערג פון שטיין —
איך זיץ באַם פענצטער פון מיין ליידיקן וואגאָן:
געזונט זיי היים,
געזונט זיי היים!...

ס'האָט עמעצער פארברענט די בריקן אף צוריק,
צום לעצטן מאָל מיין זעגנדיקער בליק, —

דורך פריִער שויב — א ליכטיקער אינדרויסן,
א לעצטע פור אף שטעטלדיקן שליאך,
א ווײַטער ציילעם פון א ווײַסן קלויסטער,
צוויי יונגע בושעליעס אף עמעצנס א דאך...

א ליכטיקער פארטאָג — א בלוטיקער פארגאנג,
א בלוטיקער פארגיין,
אזוי רויִק, אזוי מוטנע לאנג,
פארגייט א היים...

ס׳גייט אוף אין הייך א ריזיקע די שטאָט,
באטאָג — אָן זון, באנאכט — אָן שטערן,
סע רינט די ליכט דורך אָדערן פון דראָט,
צו הענגענדע לאמטערנס,
סע שײַנט די הייך...

פון מאָסקוואָרעטשער בריק,
איך שיק דעם גרוס פון כעוורע אין פאבריק,
צו שטעטלעך ליידיקע,
פארוואקסענע און גרינע...
געזונט זײַ היים,
געזונט זײַ אוקראִינע!..

1930

* * *

דאכט זיך — ס'איז מיר לינדער,
גרינגער דער ארום, —
זעט ווי אלע קינדער,
ציִען זיך צו זון,

צו די הויכע הימלען,
צו די בלויע בערג...
אזא שיינער זומער,
אזא גרינער זומער
אף דער גאנצער ערד!

אונטער הויכע טראָסן,
איבער יאמען-טיפן,
גריסן זיך מאטראָסן,
פון אזויפיל שיפן,

פון סאיִד און האמבורג,
פון אדעס און דאנציק...

— — — — — — —

איך בין אלט איינגאנצן,
איצטער צוויי און צוואנציק, —

ברייטקייט פון די יאמען,
הויכקייט פון די בערג
אזא שיינער זומער,
אזא גרינער זומער,
אף דער גאנצער ערד.

1930

# אינהאלט

## מיר זײַנען קלײנינקע געװאָרן גרױס

מיר זײַנען קלײנינקע געװאָרן גרױס:

זײַט



סטודענטישע מאָטיװן:



באם זעלבן בױם:



## לידער װעגן זײער נאָענטע

לידער װעגן זײער נאָענטע:

פונדערווײַטן:



## אַף פרײַער ערד



אין וואַלד:



האַרבסט:



קירגיזישע זינגט:

### איר געשענקט:



## געזונט זײַ, היים!

### אין א לעדערנער קורטקע:



### געזונט זײַ, היים:



